דוד פּינסקי

# דער אייביגער איד

## טראַגעדיע אין פיער אבטיילונגען



מ. גורעווויטש פערלאַג
ניו יאָרק, 1914

דער איינאַקטער „דער פרעמדער“
איז ערשיענען צום ערסטען מאָל
אונטער דעם טיטעל „דער אייבי־
גער איד“ אין דער ניו יאָרקער
וואָכענשריפט „דער ארבייטער“,
אין 1906, און אין דער ווילנא׳ער
וואָכענשריפט „דאָס איד. פאָלק“,
אין 1907.

דער פֿאַרליגענדיגער איינאקטער, כאָטש אַן און פֿאַר זיך אַ זעלבסטשטענדיג ווערק, איז די ערסטע אַבטיילונג פֿון אַ טעטראַלאָגיע — פֿון אַ טראַגעדיע אין פֿיער אַבטיילונגען, וועלכע בעהאַנדעלט איינציגע מאָמענטען פֿון דער משיח־זוכענים פֿון דעם גלות־פֿאָלק. דער „אייביגער איד" פֿון מיין טעטראַלאָגיע איז נישט דער אייביגער „וואַנדער־איד" אַהאַספֿער פֿון דער קריסטליכער לעגענדע. דער לעצטער איז פֿערשאָלטען פּאַסיוו אַרומצווואַנדערן און קיין רוה ניט געפֿינען, ביז דער קריסטליכער משיח וועט ווידער קומען. מיין „אייביגער איד" איז אַקטיוו. ער מוז זוכען. ער מוז אַרומגעהן, ביז ער וועט משיח'ן געפֿינען.

„דער פֿרעמדער", וועלכער איז בעגרינדעט אויף אַ מדרש (איכה רבתי, א .נז.), איז דער אויסגאַנגספּונקט, נאָך וועלכען עס וועלען נאָכקומען די דריי ווייטער'ע טראַגעדיעס: „רב עקיבא", „שלמה מולכו" און „נתן העזתי".

און מיט דאַנק דערמאָן איך דאָ מיין ליעבען פֿריינד דוב אַבערסאָן, וועלכער האָט מיך אויפֿמערקזאַם געמאַכט אויף דעם אויבען דערמאָנטען מדרש.

פערזאָנען:

דער פרעמדער.

די יונגע פרוי.

איהר דיענסט.

גוריון, }
טרפון, } דריי זקנים.
גמליאל. }

ברכיה.

ערסטער שומר.

צווייטער שומר.

דריטער שומר.

ערסטע פרוי.

צווייטע פרוי.

דריטע פרוי.

פיערטע פרוי.

איין אלטער מאן.

פערשיעדענע קלאסען פון דער בעפעלקערונג;
מענער, פרויען און קינדער.

דאס שטיק שפיעלט אין דער שטאָדט בירת ערבא
אין דער צייט פון דעם חורבן בית שני.

דער מאַרקפּלאַץ אין בירת ערבא. רעכטס און לינקס און אין הינטערגרונד קראָמען — הילצערנע צעלטען, אָבגערוקט איינע פון די אַנדערע און אויסגעלעגט מיט פערשיעדענע סחורות, ווי קליידערוואַרג, געשיר, וואָלענס. אין מיטען פּלאַץ שטעהען צושטרויט דריי צעדערבוימער. פון הינטער די צעלטען־קראָמען זעהט מען אַ רייהע הילצערנע הייזער מיט בוימער פאַר זיי.

רעכטס פון מארק אַ גערויש פון אַ גרויסען עולם. די קרעמער — אַלע עלטערע מענשען — שטעהען אין איין גרופּע ביי דער רעכטער רייהע קראָמען און קוקען דערשראָקען אין די זייט פון דעם רעש. פון די הייזער אין הינטערגרונד און פון לינקס העבען אָן אַרויסצושיטען מענער, פרויען און קינדער, דערשראָקענע, צורודערטע. דער גערויש ווערט נעהענ־טער, מען הערט דייטליך: „וועה אונז! וועה אונז! אַ שלעכטע בשורה איז געבראכט געוואָרען! וועה אונז! וועה אונז!" — גוריון, טרפון און גמליאל, דריי שניי־ווייסע זקנים, קומען ארויף אויפ'ן פּלאַץ, און הינטער זיי אַ גרויסער עולם, וועלכער שפּאַרט זיך דורך פון צווישען די צעלטען. די מענער אין דעם עולם זיינען אלע אין די מיטעלע יאָהרען און עלטער; די עטליכע יונגע, וועלכע געפינען זיך דאָ, זיינען קאַליקעס.

גוריון
מיט אַ וויינענדיגען קול.

שטעלט אַן אייערע אויערן, אידישע קינדער, און גרייט אייך צו צו הערען. ציון גוסס'ט און ירושלים האַלט אין פאַלען.

איין אויסברוך פון געוויין אין עולם
אוי וועה! אוי וועה!

גוריון
איין אורח האָבען מיר יעצט געהאַט, אַ דורכגעהער פון ירושלים, און שרעקליך איז דאָס, וואָס ער האָט דער־צעהלט. אייערע הערצער וועלען צוגאַנגען ווערען ווי וואַקס, און אייערע אויגען וועלען אַרויסשווימען פון זייערע לעכער דורך פיעל טרערען.

דער געוויין
ווערט שטאַרקער.
וועה אונז! וועה אונז!

גוריון
טריט ביי טריט האָבען די בעלאַגערטע געמוזט אָב־טרעטען פאַר די רוימער. ווי די לייבען האָבען זיי זיך געשלאָגען און ווי די ווילדע אָקסען. הונגעריגע, מידע, נישט אויסגעשלאָפענע, האָבען זיי דאָך לאַנג אויסגע־האַלטען, און יעדער טריט פאָראויס האָט אָבגעקאָסט די

רוימער אַ סך בלוט. אָבער, וועה! — די רוימער האָבען דאָך געזיעגט, און יעצט איז געבליעבען ביי אונזערע שטרייטער נור איין פעסטונג — דער בית המקדש. זיי האָבען זיך איינגעשלאָסען אין דעם בית המקדש, און די רוימער בעלאַגערען זיי. אוי און וועה, די רוימער בעלאַגערען דעם בית המקדש! די רוימער זיינען שוין אונטער די ווענד פון דעם בית המקדש! צואווייגט זיך. דער געוויין אין עולם ווערט שטאַרקער.

**יאָמערגעשרייען**

וועה צו אונז! וועה צו אונז!

**גמליאל**

וויינעריש.

און דער הונגער האָט זיך נאָך געשטאַרקט אין שטאָדט. מען שטאַרבט אין די גאַסען, מען פאַלט ווי די פליגען. מען געהט אַרום ווי די שאָטענס און מען קוקט אויס די אויגען נאָך אַ זאַך, וועלכע מען זאָל קאָנען געניסען. מרים די טאָכטער פון ביתוס, די פרוי פון דעם כהן גדול יהשוע...

**טרפון**

איינע פון די רייכסטע פרויען אין ירושלים. אויף טעפּיכער פלעגט זי געהן פון איהר הויז ביז צום בית המקדש, אויף טייערע טעפּיכער פון פרס. איך האָב זיי

אליין געהאלטען אין מיינע הענד, טעפּיכער, וועלכע האָבען אָבגעקאָסט אַ שלל...

גמליאל

און צוויי הונדערט מאָס וויין פלעגט זי פערברויכען אַ טאָג, צוויי הונדערט מאָס וויין — קאָנט איהר שוין פער־שטעהן איהר עסען ! — אָט אָ די מרים געהט יעצט אַרום איבער די גאַסען פון ירושלים און לעגט אין איהר מויל די עקעלסטע זאַכען, וועלכע זי געפינט, און זעטיגט איהר הונגער מיט אליץ, וואָס זי קאָן נאָר אַראָבשלינגען. מרים די טאָכטער פון נקדימון...

טרפון

איז נאָך אפשר רייכער געוועזען פאַר מרים די טאָכטער פון ביתוס. פינף הונדערט גאָלדענע דינר פלעגט זי אויסגעבען אַ טאָג אויף בשמים !

גמליאל

זי געהט אַרום איבער די גאַסען פון ירושלים און קלייבט צוזאַמען דעם האָבער, וועלכער פאַלט אַראָב ביי די פערד. וויינענדיגער. אָי, די תוכחה האָט זיך אויסגעגאָסען אויף אונז ! מוטערס קוילענען זייערע קליינע קינדערלעך, אום אָנצוזעטיגען זיך מיט זייער פלייש... דער געוויין פון עולם שלאָגט אויף אין נייע כוואַליעס.

**טרפון**

ברעכט פלוצלונג אוים מיט א יאָמער.

וועה צו אונזערע קעפּ! דער בית המקדש איז א ודאי שוין חרוב געוואָרען און ירושלים איז געפאַלען!

**שטימען**

וועה צו אונזערע קעפּ! וועה צו אונזערע קעפּ! דער בית המקדש איז א ודאי שוין חרוב געוואָרען.

**גמליאל**

מיט געוויין.

אוי צו אונז, וועה צו אונז!

**א פרוי**

הערבט אָן צו רייסען אויף זיך דאָס האָר מיט א ביטערען געשריי.

וועה! וועה! וועה!

**גוריון**

קעמפפענדיג מיט זיין שוואכקייט.

שווייגט, איהר שוטים! צו טרפון. ווי האָסטו געקאָנט אזוינס אַרויסרעדען? אַלט ביזט דו און גרוי, און ווייסט נאָך אַלץ נישט, וועלכע וואונדער גאָט קאָן בעווייזען. איז עס נישט א וואונדער, אַז הונגעריגע זיינען אונזערע טאָג-טעגליך מנצח איבער די רוימער און טרייבען פון זיך אוועק זייערע זאַטע לעגיאָנען? איז עס נישט א וואונדער, וואָס א סך פון די רוימער, געריהרט דורך דער

אידישער גבורה און דעם אידישען מוט, פערלאָזען זייערע פאָהנען און זייערע געטער און געהען אריבער צו אונזער גאָט און צו אונזער פאָלק? בעוועגונג.

שטימען

טוען זיי עס? טוען זיי עס?

גוריון

טאָג אין טאָג טוען זיי עס! בעוועגונג.

שטימען

גאָט, ווי גרויס דו ביזט!

גוריון

וועט ער, אונזער גרויסער גאָט, לאָזען חרוב מאכען זיין הויז? ווי האָסט דו דאָס געקאָנט ארויסרעדען, טרפון?

טרפון

גוריון, האָט ער דען נישט געלאָזען חרוב מאכען זיין ערסטען בית המקדש? איך האָב מורא! איך האָב מורא!

שטימען

וועה אונז! וועה אונז!

גוריון

זאָל דיין צונג אָבדארען, טרפון! דו לעסטערסט גאָט, און מיט דיינע ווערטער גיסט דו נאָר מוט דעם שטן. און איך זאָג אייך, דער בית המקדש איז נישט חרוב געוואָרען. מיינט איהר, אז גאָט'ס הויז וואָלט פערניכטעט געוואָרען,

און מיר און די גאנצע וועלט וואָלטען עס נישט גלייך דערפיהלט? וואָלט די זון נישט שווארץ געוואָרען, און דער הימעל וואָלט זיך נישט פערצוייגען מיט טרויער און געגאָסען מיט ביטערע טרערען? וואָלטען אונזערע הערצער נישט געוויינט אין אונז, און מיר וואָלטען אפילו נישט געוואוסט, פון וואנען די טרערען קומען? און נישט בלויז מיר, נאָר אפילו חיות אין וואלד און בהמות אין פעלד וואָלטען עס דערשפירט. זינדיגט נישט מיט אייערע רעד, און אייערע טרערען ניצט אויס נישט אויף צו בעוויינען, נאָר אויף צו בעטען און תפלה צו טון. אין זעק לאָמיר אונז אָנטון, מיט אש בעדעקען אונזערע קעפ און פייניגען אונזערע לייבער אין תענית. אז גאָט זאָל רחמנות האָבען, זאָלען מיר בעטען, און אָבטון זיין שווערע האנד פון זיין פאָלק און ראטעווען זיין הייליגטום. קומט אַלע און לאָ'מיר פערברייינגען דעם טאָג אין געוויין און געבעט. בעוועגונג, נייער אויסברוך פון געוויין.

### שטימען

בריינגט זעק! בריינגט אש!

### א מענערשטימע

(לינקס הינטער די קראָמען).

וויקעלעך פערקויף איך, ווינדעלעך פאר ערסט געבאָרענע קינדער! וויקעלעך פערקויף איך, ווינדעלעך פאר ערסט

געבאָרענע קינדער! אַלע אויגען ווענדען זיך אין דער זייט
פון דער שטימע.

### גוריון

ווער קאָן דאָס אַזוי רוהיג אויסרופען זיינע סחורות, און
אונזער פאָלק פערגעהט אין געוויין?

### דער פרעמדער

מיט אַ פעדלער־קאַסטען אויף זיך, קומט אַרויס פון צווישען ביידע
פאָרדערסטע קראָמען לינקס.

דאָס רוף איך מיין מזל. פערקליבען דאַ זעה איך אויף
איין מאָל גאַנץ בירת ערבא, און איך וועל לייכטער גע־
פינען, וועמען איך זוך. זאָגט, וואוינט ביי אייך נישט
איינער מיט'ן נאָמען חזקיה, ביי וועמען עס איז געבאָרען
געוואָרען אַ זוהן אין דעם טאָג, ווען דער בית המקדש
איז חרוב געוואָרען, און ער האָט איהם אַ נאָמען געגעבען
מנחם? בעוועגונג.

### שרעק־געמורמעל

אין דעם טאָג ווען דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען?

### גוריון, טרפון און גמליאל

מיט שרעק.

אין דעם טאָג, ווען דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען?

### גוריון

איז דער בית המקדש חרוב געוואָרען?

דער פרעמדער

פערוואונדערט.

איהר ווייסט עס נישט? איז דען דער... מיט בעשטימט־היים. יא, חרוב געווארען איז אונזער בית המקדש, אבגעטאן געווארען די קרוין פון אונזער קאפ.

קלאגשטימען

חרוב געווארען איז אונזער בית המקדש, אבגעטאן געווארען די קרוין פון אונזער קאפ!

טרפון

מיט א ציטעריגער שטימע.

גוריון, זעהסט דו....

גוריון

צום פרעמדען מיט א פערשטיקטען קול פון טרערען.

קומסט דו פון ירשלים אדער פון איהר ארום?

דער פרעמדער

איך קום נישט פון ירשלים און נישט פון איהר ארום. בירת ערבא ליגט אין מיטען וועג צווישען ירשלים און מיין היים.

גוריון

הערבט אויף איהם אויף א פערוואונדערטען בליק.

און דאך ווייסט דו, וואס מיר ווייסען נאך נישט? האסט

דו אַנגעטראָפען אויף דיין וועג מענשען פון ירשלים אָדער פון איהר ארום?

דער פרעמדער

איך האָב קיינעם נישט אַנגעטראָפען אויף מיין וועג. די וועגען זיינען יעצט וויסט און פער'אָבל'ט, אָהן א דורכגעהער. נור מחנות פרעהליכע רוימער ציהען אָפט דורך, און זיי זיינען געפעהרליך, וויל זיי טויטען אָדער נעמען געפאנגען יעדען אידען, וועלכען זיי טרעפען אָן. דורך וואלד און נאכט האָב איך מיך גע'גנב'עט אהער, און צעהן טעג האָט מיר גענומען דער וועג, וועלכען איך וואָלט געקאָנט דורכמאכען אין צוויי.

גוריון

דו קומסט נישט פון ירשלים און האָסט קיינעם נישט בעגעגענט, און דאָך זאָגסט דו...

דער פרעמדער

און דאָך זאָג איך, אַז דער בית המקדש איז חרוב גע־וואָרען, און אין יענעם טאָג איז געבאָרען געוואָרען מנחם, וועלכער וועט אונז טרייסטען אין אונזער אונגליק און אויסלייזען אונז פון אונזערע פיינד, און ער געפינט זיך ב"י אייך אין בירת ערבא. בעוועגונג.

געמורמעל

א נביא? — א פאַלשער נביא אפשר! — א פאַלשער נביא!

גוריון
שפרינג.

ווער ביזט דו, וואס דו ווייסט זאכען, וועלכע דו האסט ניט געזעהן און ניט געהערט? האט גאט דיר א צייכען געשיקט? האט ער דיר דאס דורך א חלום ענט־פּלעקט?

דער פרעמדער
דיין מויל האט עס געזאגט. גאט האט עס מיר דורך א צייכען ענטדעקט.

געמורמעל
א נביא! — א פאלשער נביא!

גוריון
רעד און לא'מיר וויסען, צי דארפען מיר דיר גלויבען. ווער ביזט דו, זאג אונז, און ווי האט זיך גאט צו דיר ענטפּלעקט.

דער פרעמדער
איך זאג עס דיר גלייך, אבער צוערסט וועל איך מיך אוועקזעצען און פייכט מאכען מיין פערטריקענטען האלז.
נעמט אראב פון זיך דעם קאסטען, זעצט זיך אויף דער ערד, טוט א טרונק וואסער פון זיין לאגעל און נעמט אריין אין מויל א שטיק באקסער. איין ערדארבייטער בין איך גע־וועזען אין א דארף וויים אין גליל, און טייערער איבער

אלץ איז מיר געוועזען מיין שטיקעל ערד. ווען די מלחמה מיט די רוימער האט זיך אנגעהויבען, בין איך דער איינציגער פון אלע לענדערשטארקע מענער אין מיין דארף געבליעבען אין פעלד ביי מיינע אקסען און נישט געגאנגען העלפען אונזער פאלק און אונזער לאנד.

## א קריפעל

אין דער פארנסטער רייהע.

ער דערצעהלט׳ס און ווערט נישט רויט.

## דער פרעמדער

איהר הערט נאר ווייטער. נישט לייכט איז מיר אנ־געקומען מיין בלייבען. איך האב א שטארקע מלחמה אויסגעהאלטען אין מיין בוזים. פון איין זייט האט מיך גערופען מיין פאלק, פון דער אנדער זייט מיין ערד, ביז די ערד האט מיך אראבגעצויגען צו זיך. פאר מיין פאלק בין איך נור איין איינציגער, האב איך מיר געזאגט, אבער פאר מיין ערד בין איך אלץ, און בין געבליעבען אויף מיין ערד. ארום און ארום איז אונזער לאנד פערוויסט געווארען, שטאדט נאך שטאדט און געגענד נאך געגענד איז איינגענומען געווארען פון די רוימער, ביז ענדליך האבען זיי בעלאגערט ירושלים, און אלץ נויטיגער האט אונזער פאלק געברויכט זיינע שטארקע קינדער. און איך האב עס געוואוסט, און האב מיך נישט גערירט פון

אָרט. איך האָב מיך געשעמט צו קוקען רעכטס און לינקס, און בין דאַך געגאַנגען הינטער מיינע אָקסען. ווי צוגעוואַקסען וואָלט איך געוועזען צו מיין ערד און נישט געקאָנט מיך אָברייסען פון איהר.

## גוריון

**חאָרט.**

רעד קורץ. גאָט'ס צייכען ווילען מיר וויסען.

## דער פרעמדער

**שטעלט זיך אויף.**

דאָס דערצעהל איך גלייך. מיט צעהן טעג צוריק בין איך געשטאַנען אין פעלד ביי מיינע אָקסען. פּלוצלונג זיינען זיי אַזוי אונרוהיג געוואָרען און האָבען זיך צו־שריען מיט אימה'דיגע קולות, ווי זיי וואָלטען פאַר עפּעס זיך דערשראָקען. איך האָב מיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען, אונטער די אָקסען און איבער די אָקסען און נישט געזעהן גאָרנישט, וואָס האָט זיי געקאָנט דערשרעקען. און ווייל זיי האָבען אַלץ נישט אויפגעהערט צו שרייען, האָב איך אויפגעהויבען אויף זיי מיין שטאָק און גע־שלאָגען זיי און צו זיי גערעדט: „וואָס האָט איהר אייך אַזוי צושריען, איהר נאַרישע אָקסען!" און זעה מיט אַ מאָל — פאַר מיר שטעהט איין אַלטער־אַלטער מאַן, שניי־וויים דער קאָפּ און שניי־וויים דער באָרד, און אָנגעטאָן

איז ער ווי איין אראבער, און ער זאָגט צו מיר: „שלאָג דיינע אָקסען נישט. שפּאַן זיי ליעבער אויס און לעג אַוועק דיין ארבייט, וואָרום בזו הרגע איז חרוב געוואָרען דער בית המקדש". איך האָב אויפגעשריען פאַר שרעק און מיט אַ קלאַפּענדיגען הארץ און מיט ציטערדיגע הענד האָב איך געטאָן, ווי ער האָט מיר געזאָגט. אָבער די אָקסען האָבען זיך ווידער צושריען. גאַנץ אַנדערש זיינען געוועזען זייערע קולות דאָס מאָל; עס איז גע־וועזען, ווי ווען אַ שמחה האָט זיי אָנגעפילט. און דער אַלטער מאַן האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן: „שפּאַן איין דיינע אָקסען און קאָנסט ווידער געהן צו דיין ארבייט, וואָרום בזו הרגע איז משיח געבאָרען געוואָרען, וועלכער וועט אויסלייזען די אידען פון זייערע פיינד און צוריק אויפבויען דעם בית המקדש". ווערט אויפגערעגט. און עפּעס האָט זיך אין מיר אַ בעוועג געטאָן און איך האָב געפרעגט דעם אַלטען מאַן, ווי הייסט דאָס ניי־געבאָרענע קינד. און ער האָט מיר געזאָגט: „מנחם איז זיין נאָ־מען". און ווי הייסט זיין טאַטע? זאָגט ער מיר: „חזקיה". וואו וואָהנט ער? און ער האָט מיר געענט־פערט: „אין בירת ערבא וועסט דו מנחם'ס מוטער געפינען". בעוועגונג.

## געמורמעל

האָסט דו געהערט ? — האָסט דו געהערט ? — חזקיה — מנחם —

## דער פרעמדער

און ווי ער האָט דאָס אויסגערעדט, איז ער גלייך פער־שוואונדען געוואָרען פון מיינע אויגען, און איך האָב געוואוסט, אז דאָס האָט איהם גאָט געשיקט צו מיר. ווערט נאָך אויפגערעגטער. צוערסט איז אויף מיר אָנגע־פאַלען א שרעק און מיט ציטערנים אין יעדען אבר האָב איך מיך ארומגעקוקט ארום מיר, און מיר איז געוועזען, ווי עמיצער וואָלט געוועזען נעבען מיר און וואָלט מיר איינג געמאכט דעם פלאַץ. איך האָב מיך געוואָלט נע־מען צו מיין ארבייט און האָב נישט געקאָנט. און פלוצ־לונג זיינען מיינע אויגען געוואָרען צו צוויי קוואלען. און טרערען האָבען זיך אָנגעהויבען צו גיסען אין צוויי שטראָמען. און איך האָב זיך א וואָרף געטאָן אויף דער ערד און געוויינט וועה און ביטער. און אז די טרערען האָבען זיך ביי מיר אויסגענומען, האָט א געדאנק אָנ־געפילט מיין קאָפּ און מיין הארץ. פאר וואָס האָט גאָט מיך אויסגעקליבען צו ענטפלעקען מיר אזא זאך? און עס איז מיר געוועזען, גלייך עמיץ האָט א זאָג געטאָן נעבען מיר: „דו ערד־וואָרים, דו צוגעקלעבטער צו דער

ערד, גאָט וויל דיך בעשטראָפען פאַר דיין גלייכגילטיג־
קייט צו דיין פאָלק׳ס צרות, פאַר דיין הארץ פון שטיין,
וואָס די אונגליקען פון דיין פאָלק האָבען נישט געקאָנט
ריהרען!" איך האָב מיך ארומגעקוקט, אָבער איך האָב
קיינעם נישט געזעהן נעבען מיר. און עס איז מיר גע־
ווען, ווי גאָט האָט מיט מיר גערעדט, און ווידער האָט
מיך אָנגעפילט דער גרויסער שרעק, און איך האָב מורא
געהאַט צו קוקען רעכטס און לינקס. און איך בין גע־
זעסען מיט צוגעמאכטע אויגען און מיט מיין גרויסען
שרעק אין מיר, און מיין קאָפּ און מיין הארץ האָבען גע־
זוכט, וועלכע שטראָף האָט גאָט דאָ אויסגעקליבען פאַר
מיר. און מיט א מאָל האָט מיך אָנגעפילט אַ דונקעל
געפיהל, פון וועלכען א שוידער איז מיר דורך איבער׳ן
גאַנצען קערפּער. פאַר די אויגען האָט מיר אָנגעהויבען
צו שווינדלען, און עס איז מיר געווען, ווי איך הער א
שטימע זאָגענדיג מיר: „דו ערדוואָרים, דו צוגעקלעבטער
צו דער ערד, האָסט נישט געוואָלט העלפען דיין פאָלק
אין זיין מלחמה פאַר זיין פרייהייט און נישט געוואָלט
ביישטעהן זיין היילינגטום, געה און זוך אויף זיין בע־
פרייער און דעם אויפבויער פון זיין קומענדיגען בית־
המקדש און זיי ביי איהם איין אייביגער קנעכט." און
פול מיט שרעק האָב איך מיך געפרעגט: פאַר וואָס,
אויב גאָט וויל דאָס פון מיר, פאַר וואָס האָט מיר דאָס

זיין שליח נישט געזאָגט? און איך האָב מיך פערטיעפט
אין געדאַנקען און געזוכט איין ענטפער און געוואַרט אויף
אַ צייכען פון גאָט. און עס איז מיר ווידער געוועזען,
ווי עמיץ האָט אַ זאָג געטאָן: „גאָט האָט דיר פריהער
געגעבען די בחירה און גיט זי דיר יעצט. פריהער האָסט
דו אויסגעקליבען דאָס נישט־ריכטיגע, יעצט קלייב דיר
אויס דאָס ריכטיגע." און מיט אַ קלאַפּענדיגען הארצען
בין איך אויפגעשטאַנען פון דער ערד, האָב אוועקגע־
טריבען די אָקסען אין שטאָדט אריין, פערקויפט זיי און
דעם שפּאַן און פאַר דאָס אויסגעלייזטע געלד געקויפט
לייווענד אויף וויקעלעך און ווינדעלעך, כדי אויסצורופען
דאָ אין בירת ערבא מיינע וויקעלעך און ווינדעלעך, און
וועלכע פרוי עס וועט קומען צו מיר, וועל איך זי פרעגען,
ווי הייסט איהר מאַן און ווען האָט זי איהר קינד געהאַט.
יעצט אָבער זייט איהר אַלע דאָ פערזאַמעלט...

גוריון
איז דאָס דיין גאַנצע געשיכטע? וועלכען מופת ווילסט
דו אונז געבען, אַז מיר זאָלען דיר גלויבען?

דער פרעמדער
איז דאָס נישט מופת גענוג, וואָס פון וויטען קום איך
צו אייך אָנצוזאָגען אייך, אַז אין דעם טאָג, ווען דער
בית המקדש איז חרוב געוואָרען, איז געבאָרען געוואָרען
אונזער אויסלייזער און ער געפינט זיך דאָ ביי אייך?

גוריון
מיט צעהן טעג צוריק, זאָגסט דו, איז דאָס געשעהן, און ער הייסט מנחם, און זיין פאָטער חזקיה? צום עולם. קענט איהר ווער א חזקיה, ביי וועלכען מיט צעהן טעג צוריק איז געבאָרען געוואָרען א זוהן, וועלכען ער האָט א נאָמען געגעבען מנחם?

געמורמעל
קענסט דו אזא מאַן? קענסט דו א חזקיה?

שטימע
גאַנץ הינטען.
איך אליין בין א חזקיה, אָבער ביי מיר איז קיין קינד נישט געבאָרען געוואָרען שוין דאָס צוועלפטע יאָהר.

שטימע
פון דער זייט.
חזקיה דער זוהן פון חלפי, אָבער ער איז שוין פון פיער יאָהר איין אלמן.

א פרויענשטימע
איך האָב נישט געהערט, אז ביי אונז זאָל געבאָרען ווערען א קינד שוין אָט א חדש צייט, און איך בין דאָך א באָבע.

גוריון
צום פרעמדען.
האָסט דו דאָס געהערט? דיין מופת איז קיין מופת נישט.

געמורמעל

דער מופת איז קיין מופת נישט! — א פאלשער מופת!
א פאלשער נביא!

דער פרעמדער

וואס איהר ווייסט נישט, איז נאך קיין ראיה נישט, און איהר וועט זעהן, אז איך וועל דא געפינען די מוטער פון מנחם.

גוריון

יעצט וועל איך דיר אבער זאגען, ווער דו ביזט. א נאר ביזט דו און א פאלשער נביא...

שטימען

א פאלשער נביא! א פאלשער נביא!

גוריון

איינער פון יענע ביזט דו, וועלכע פערפלייצען יעצט אונ־זער לאנד.

טרפון

א פשוט'ער שווינדלער ביזט דו, וועלכער וויל נאר מאכען א גוט געשעפט מיט זיינע וויקעלעך און ווינדעלעך. אבער מען דארף דא נישט דיינע וויקעלעך און ווינדעלעך. פאראן דא וואו צו קויפען זיי אהן דיר אויך. איך האב זיי גענוג אין מיין קראם.

**גמליאל**

א לינגער ביזט דו, וועלכער קימערט זיך נארנישט, וואס מיט זיינע ליגענס קאן ער מאכען דאס בלוט שטעהן ביי זיינע הערער און פערדארבען זיי די לוסט צו עסען און צו טרינקען.

**גוריון**

א זינדיגער ביזט דו און א לעסטערער, וועלכער לאזט ארויס א בייזען קלאנג, אום אבהענגיג צו מאכען די גלויבער אין גאט.

**טרפון**

זיינע סחורות וויל ער אויסשרייען וואס העכער, האט ער אויסגעפונען א מעשה. ממית'ן דארף מען דיך, דו שווינדלער!

**שטימען**

ממית'ן! שטייניגט איהם! שטייניגט איהם! דער קרייז ארום דעם פרעמדען ווערט אייגגער, הענד העבען זיך אויף אויף איהם.

**דער פרעמדער**

ווארט! דער גערויש לעגט זיך. גיט מיר דריי טעג צייט, און אויב אין די דריי טעג וועל איך נישט געפינען דעם מנחם אדער איהר וועט אויסגעפינען, אז דער בית המקדש איז נישט חרוב געווארען, דאן מאגט איהר מיך

פערשטייניגען. אָבער אויב איהר וועט אויסגעפינען פאר די דריי טעג, אז דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען, ווי איך האָב אייך געזאָגט, און איך וועל נאָך נישט גע־פינען דעם מנחם, דאן לאָזט מיך זיצען אין אייער שטאָדט און וואַרטען, וואָרום איך וועל איהם געוויס געפינען.

גוריון

זאָל זיין ווי דו זאָגסט, און נאָך מעהר. מיר וועלען גלייך ארויסשיקען שלוחים אויף פערשיעדענע וועגען צו ירשלים, זיי זאָלען אויסגעפינען, ווי שטעהט עס דאָרטען, און דו וועסט דאָ אזוי לאַנג בלייבען, ביז זיי וועלען קומען צוריק. און אויב זיי וועלען ברייגגען, אז ליגען האָסט דו געזאָגט, וועלען מיר מיט דיר טון, ווי עס דאַרף געטאָן ווערען צו א פאַלשען נביא. אָבער אויב זיי וועלען ברייגגען, אז אמת האָסט דו געזאָגט און דער בית המקדש איז חרוב, וועסט דו דאָ קאָנען בלייבען אזוי לאַנג ווי דו ווילסט, און מיר וועלען אַלע וואַרטען, וואָס די צייט וועט דיר ברייגגען. אונזער זאַמעל־הויז שטעהט אָפען פאַר דיר. דאָרטען וועסט דו קאָנען ביי דער נאַכט שלאָפען און בייטאָג געפינען דיין אָברוה.

דער פרעמדער

איך דאַנק דיר פיין. דער הימעל איבער מיין קאָפּ איז מיר שטענדיג געוועזען גענוג דאַך. איך וועל בלייבען

דאָ אויף דעם פּלאַץ און אויסרופען מיין סחורה, ביז
מנחם'ס מוטער וועט קומען צו מיר.

טרפון

גלויבט איהם נישט. ער וועט אויספערקויפען זיין סחורה
און נאָכדעם וועט ער אוועקגעהן, וויטער צו פערשפּריי־
טען זיינע ליגענס און לעסטערן גאָט.

דער פרעמדער

איך וועל קיין איין פרוי גאָרנישט נישט פערקויפען.

גמליאל

מען וועט איהם דארפען היטען, ער זאָל נישט ענטלויפען.

גוריון

איהר לאָזט שוין מיך, עס וועט אַלץ שוין רעכט זיין.
ווענדט זיך צו עטליכע פון די אָרומיגע. דו, ברכיה, און
דו, און דו, און דו, איהר אַלע געהט גלייך נאָך דרום און
צושפּרייט זיך פּאָרוויז אויף די וועגען, וועלכע פיהרען
קיין ירושלים. וועט איהר בעגעגנען עמיצען, וועלכער
קומט פון ירושלים, איז אודאי גוט. וועט איהר פון איהם
גלייך וויסען, וואָס טוט זיך דאָרטען. איהר זאָלט איהם
אָבער גוט אויספּרובען, נישט גלויבען איהם אויף דאָס
ערסטע וואָרט, וואָרום ווער ווייס, ווער דער דערצעהלער
איז. בעסער זעהט אָנצוטרעפען נאָך איינעם און אויך
אַ דריטען, און אויב זיי אַלע וועלען אייך דערצעהלען די

זעלבע זאך, מאַגט איהר גלויבען. און דאַן זאָלט איהר אונז גלייך ברייננגען די בשורה ווי זי איז, צו גוט, צו שלעכט, זאָלט איהר זי אונז ברייננגען מיט דער זעלבער שנעלקייט. און אויב אָבער איהר וועט קיינעם נישט בעגעגנען, ווייל די וועגען זיינען יעצט וויסט און פער־אָבל׳ט, זאָלט איהר געהן ביז ירשלים, גנב׳עט זיך דורך דורך די מחנות פון די רוימער, אויב דאָס וועט זיין נויטיג, דריינגט אריין אין שטאָדט און ווערט געוואָהר פון אלץ, און ברייננגט אונז וויעדער די ידיעה אזוי שנעל ווי מעגליך.

ברכיה

מיינסט דו נישט, אז דאָס לעצטע איז זעהר געפעהרליך?

גוריון

דאָס וויים איך גוט, מיין פריינד. אָבער איך האָב נישט געוואוסט, אז אין בירת ערבא זיינען פאראַן בערדיגע מענער, וועלכע ווילען זיך אָבזאָגען פון א שליחות, ווייל זי איז געפעהרליך.

שטימע

דאָס האָסט דו גוט געזאָגט, גוריון.

ברכיה

גוט, מיר געהען גלייך. טרעט אָב מיט די אַנדערע דריי.

מיט זיי געהען אָב עטליכע פרויען און קינדער און בעגלייטען זיי אַרויס נאָך רעכטס. די פרויען ווישען זיך די אויגען.

**גוריון**

צו אַנדערע דריי פון די אַרומיגע.

און איהר דריי בלייבט דאָ מיט דעם פרעמדען און שטעהט שמירה ביי איהם, ער זאָל קיין געשעפטען דאָ נישט מאַכען און נישט אויסדרעהען זיך פון זיין פערדיענטער שטראָף.

**איינער פון די דריי**

מיר וועלען איהם שוין גוט היטען.

**גוריון**

און מיר אַלע אַנדערע לאָ'מיר געהן אין דאָס זאַמעלהויז, אין געבעט צו פערברייינגען די צייט און אין פאַסטען, מיט זעק אויף אונזערע לייבער און מיט אַש אויף אונזערע קעפּ. געהט אַוועק אין די לינקע זייט גאַס, טרפון און גמליאל נאָך איהם און דער גאַנצער עולם. די קרעמער פערפּאַקען שנעל זייערע סחורות, שליסען צו די קראָמען און איילען אַוועק נאָך דעם עולם. עס בלייבען נור די דריי שומרים און עטליכע ווייבער פון די אַרומיגע הייזער. אייניגע האָבען זייערע קינדער נעבען זיך. זיי צושטעלען זיך נעבען די קראָמען קופּעסווייז און בעטראַכטען דעם פרעמדען.

דער פרעמדער

זעצט זיך, עפענט אויף זיין קאסטען און בעטראכט דאס לייוונט, רעדענדיג ווי פאר זיך.

מנחם דער זוהן פון חזקיה... מנחם דער זוהן פון חזקיה...

ערסטער שומר

חזר גוט איין, חזר גוט איין, דו זאלסט דיין ליגען נישט פערגעסען.

צווייטער שומר

דאס וועט איהם נישט נוצען. ער וועט זיין ליגען פון דאנען שוין נישט ארויסטראגען.

דריטער שומר

אונטער א בארג מיט שטיינער וועט ער בעגראבען ווערען צוזאמען מיט זיין ליגען.

דער פרעמדער

שטעהט אויף און רופט אויס.

וויקעלעך פערקויף איך, ווינדעלעך פאר ערסט געבארענע קינדער! וויקעלעך פערקויף איך, ווינדעלעך פאר ערסט געבארענע קינדער!

ערסטער שומר

שריי העכער, דיין חזקיה'ס וייב איז טויב אויף איין פוס און געהט שלעכט אויף איין אויער.

צווייטער שומר

היט־היט זיך, זי פאַלט דיר גלייך אראָב אויפ׳ן קאָפּ.

דער פרעמדער

וויקעלעך פערקויף איך, ווינדעלעך פאַר ערסט געבאָרענע קינדער!

דריטער שומר

ער שרייט און ווערט גאָר נישט הייזעריג. צו האָבען מיר דאָ נישט צו טון גאָר מיט אַ משוגענעם?

אַ פרוי

קומט צו צום קאַסטען.

מיר מאָגען דאָך דערוויילע די סחורה זיך אָנזעהן. עס קומען צו נאָך עטליכע פרויען און העבען אָן צו בעטאַפּען דאָס לייוועוועגד.

ערסטע פרוי

דאָס לייוועוועגד איז גוט.

צווייטע פרוי

גאָר אויסגעצייכענט.

דריטע פרוי

דעם טרפון׳ס איז האַלב נישט אזוי גוט.

פיערטע פרוי

און אויך גמלא׳ס איז פיעל ערגער.

ערסטע פרוי
איך בין אַ בעלן באַלד צו קויפען. ווי טייער קאָסט איין אייל?

דער פרעמדער
מאַך דיך נישט נאַריש, פרוי. הייסט דיין מאַן נישט חזקיה און דיין זוהן נישט מנחם, קריגסט דו נישט פון מיין סחורה.

ערסטע פרוי
האָסט מורא געוויס פאַר די שומרים? נישט קשה, זיי וועלען צומאַכען די אויגען און מאַכען זיך נישט זעהן.

צווייטע פרוי
און ווען מיין קינד איז גאָר אַ טאָכטער און הייסט תמר, דאַרף זי נישט האָבען פון דיין גוטען לייוועגד?

דריטע פרוי
און אַז מיין זוהן הייסט נחמן, מאָג ער עס אויך האָבען. ווי ווייט איז נחמן פון מנחם?

ערסטע פרוי
ווי טייער קאָסט איין אייל? דאָס מאָגסט דו אונז דאָך זאָגען?!

דער פרעמדער
מאַכט צו דעם קאַסטען.

**פיערטע פרוי**

זעה, ער מאכט דעם קאסטען צו און קוקט גאר נישט אין אונזער זייט.

**ערסטער שומר**

ווערה, וואס פאר א מפלה! אונזערע שענסטע פרויען האבען בעלאגערט איין מאן און האבען איהם נישט איינגענומען.

**ערסטע פרוי**

ווען איהר וואלט בלויז ניט געוועזען.

**ערסטער שומר**

וואס גיסט דו מיר, איך מאך די אויגען צו?

**צווייטער שומר**

און איך וויל אויך א חלק.

**ערסטער שומר**

פאר דרייען איז איהר בעט צו שמאל.

**דריטער שומר**

איהר זאלט דאך דאס נישט רעדען, ווען אין געבעט און טרערען איז אונזער פאלק פערזאמעלט.

**דריטע פרוי**

דאס איז שוין דער מענער־וועג. די תאוה קומט זיי ניט ארויס פון זין אין דעם גרעסטען אונגליק אפילו. דער האן נאך פאר דער שחיטה כאפט זיך פאר דער הון.

דער פרעמדער

וויקעלעך פערקויף איך,ווינדעלעך פאר ערסט געבא־
רענע קינדער!

פיערטע פרוי

וואס שרייסט דו אזוי? מיר זיינען נישט טויב. מאך
נאר דיין קאסטען אויף.

דער פרעמדער

איך פערקויף אייך נישט. דאס ווייסט איהר שוין.

א יונגע פרוי

מיט סמנים פון א לאנגען וועג אויף איהרע קליידער, קומט ארויס רעכטס אין הינטערגרונד פון צווישען צוויי קראמען און בלייבט שטעהן פון קיינעם נישט בעמערקט.

ערסטע פרוי

זעה, ער מיינט דער'אמת'ן, מיר געהען נאך זיין סחורה
אויס.

צווייטע פרוי

זי איז גאר נישט אזוי גוט, ווי ביים ערסטען קוק, זי איז
נישט שטארק.

דריטע פרוי

זי וואלט צופאלען ווערען ביים ערסטען וואש. בעמער־
קען די נייע אנגעקומענע און בעקוקען זי פערוואונדערט.

ערסטע פרוי
צו דער צווייטער.
ווער איז דאָס, וועלכע שטעהט דאָרט?

צווייטע פרוי
זי איז מיר אונבעקאַנט.

דריטע פרוי
אויך איך האָב זי קיינמאָל נישט געזעהן.

פיערטע פרוי
איך וואָלט שווערען, זי איז אַ פרעמדע.

ערסטע פרוי
זי זעהט אויך אויס נאָך איהרע בגדים, ווי זי וואָלט ערסט אָנגעקומען.

דער פרעמדער
ווערט אויפמערקזאם אויף די נייע אָנגעקומענע.

די יונגע פרוי
בעמערקט, אַז מען בעטראַכט זי פון אַלע זייטען, און מאַכט אַ פּאָר טריט צוריק אין גרויסער פערלעגענהייט.

ערסטער שומר
וועמען זוכסט דו דאָ, מיין שיינע?

דער פרעמדער
טרעט נאָר נעהענטער צו. וואָס שטעהסט דו גאָר פון

ווייטען? בעקוקען מיין סחורה וועט דיר אויך ערלויבט זיין.

די יונגע פרוי

קומט צו אונענטשלאָסען, גאַנץ רויט פאר פערלעגענהייט.

די אַנדערע פרויען טרעטען וויעדער צו.

ערסטע פרוי

בעקוקען בלויז. פערקויפען וועט ער דיר זיין סחורה נישט.

די יונגע פרוי

קוים וואָס זי רעדט אַרויס.

איך האָב מיך דאָס געריכט. מיין הארץ איז אויך נישט ביים קויפען.

דער פרעמדער

אויף וואָס האָסט דו זיך געריכט?

די יונגע פרוי

אַז דו וועסט מיר נישט ווע̄לען פערקויפען. מיין אונגליקס־קינד פערדיענט עס אויך.

ערסטע פרוי

דיין אונגליקס־קינד?

די יונגע פרוי

מיט טרערען.

יא, אַ קינד פון אונגליק איז מיין קינד. עס איז...

ערסטער שומר

וואס איז דיין קינד? דו רעד דאך קלאר.

די יונגע פרוי

מיט געוויין.

דאס איז מיר געבארען געווארען אין דעם טאג, ווען דער בית המקדש איז חרוב געווארען! גרויסע בעוועגונג. אויסרופונגען פון גרויסער איבערראשונג.

דער פרעמדער

הא?! וואס האסט דו געזאגט?

די יונגע פרוי

איך האב געוואוסט, אז איהר וועט אלע איבערראשט זיין. מיין קינד און איך פערדיענען פעראכט צו ווערען.

ערסטער שומר

אין גרויסער אויפרעגונג.

פון וואנען קומסט דו, זאג!

די יונגע פרוי

פון ירושלים.

דער פרעמדער

ווען האסט דו דיין קינד געהאט? זאג עס נאך א מאל.

די יונגע פרוי

דו האסט עס געהערט. איך קאן עס נישט נאך א מאל ארויסברייגנען אויף מיינע ליפען.

צווייטער שומר
ווי לאַנג — ווי לאַנג איז דאָס געשעהן?

די יונגע פרוי
דאָס ווייסט איהר דאָך געווים. מיט צעהן טעג צוריק.
בעוועגונג און ווידער אויסרופונגען פון איבעררעשונג.

דער פרעמדער
מיט אַ פערכאַפּטען אָטעם.
ווי הייסט דיין קינד?

די יונגע פרוי
ער טראָגט אַ פאַלשען נאָמען, דאָס אונגליקס־קינד. זיין פאָטער האָט עס געוואָלט. ער הייסט מנחם. די בעווע־גונג ווערט שטאַרקער. מען העבט אָן אָבצוטרעטען מיט מורא פון דעם פרעמדען און דער יונגער פרוי.

דער פרעמדער
גאַנץ אָהן אָטעם.
אָה!... און ווי הייסט דיין מאַן?

די יונגע פרוי
וואָס שרייסט דו אַזוי? קוקט זיך אין איהם איין און כאַפּט זיך צו איהם צו מיט איין אימפּעט. קענסט דו פיע־לייכט מיין מאַן? קענסט דו מיך? ווייסט דו פיעלייכט, וואָס מיט מיין מאַן איז געשעהן? דו האָסט מיר וואָס שרעקליכעס צו דערצעהלען. איך זעה אָן דיר. דו ביזט

דערשראָקען, דו ביזט מבולבל. היסטעריש. דערצעהל! האָבען די רוימער איהם געה'רג'עט? האָבען זיי איהם פערקויפט פאר א קנעכט? דערצעהל, וואו! דערצעהל, צו וועמען! היסטעריש מיט די הענד אין די האָר. מיין חזקיה! מיין חזקיה! גרעסטע בעוועגונג.

## דער פרעמדער

אָה! ער כאַפּט זיך פאַר'ן הארצען און פאר'ן קאָפּ, רייבט זיך די אויגען, גלייך ער וואָלט געקעמפפט מיט אַ חלשות־געפיהל.

עטליכע פון די ווייבער כאַפּען זייערע קינדער און ענטלויפען גאַנץ דערשראָקען און היסטעריש.

## ערסטער שומר

צום צווייטען.

לויף גלייך נאָך גוריון'ען, נאָך טרפון און גמליאל, דער־צעהל זיי, וואָס דו האָסט געהערט, און רוף זיי גלייך אהער.

## צווייטער שומר

געהט גלייך אַוועק נאָך לינקס.

## דער פרעמדער

קומט צו זיך און רעדט נאָך שוואך אַרויס.

בערוהיג דיך, איך קען ניט דיך און ניט דיין מאַן, איך האָב דיר גאָרנישט וועגען איהם געבראַכט. דו זאָג מיר

בעסער... שרייט אויס אין התלהבות. דו זאָג מיר בעסער, וואו איז דיין זוהן? וואו האָסט דו געלאָזען דיין מנחם?

די יונגע פרוי

קוים זי רעדט.

איך האָב איהם געלאָזען אין א הויז אין עק שטאָדט. געבראָכען. וואָס פרעגסט דו זיך אזוי נאָך אויף מיין אונגליקס־קינד?

דער פרעמדער

שטיל, אידענע! דו ווייסט נישט, וואָס דו רעדסט. נישט קיין קינד פון אונגליק איז דיין זוהן, נאָר א קינד פון גליק און טרייסט. א מנחם איז ער, א טרייסטער פון אונזער פאָלק. אין דעם טאָג פון זיין געבורט איז דער בית המקדש חרוב געוואָרען און אונזער פאָלק איז בעזיעגט געוואָרען, אָבער ער וועט אויפבויען אונז צוריק דעם בית המקדש און וועט פיהרען אונזער פאָלק צו נייע זיעגען.

די יונגע פרוי

וואָס רעדסט דו דאָרט? דו ווילסט מיך טרייסטען? אָדער מאַכסט דו שפּאַס פון איין אונגליקליכער?

דער פרעמדער

קום פיהר מיך צו דיין זוהן. פאר א קנעכט האָט מיך נאָט צוגעשטעלט צו איהם, און פון ווייטענס האָט ער מיך געשיקט אהער, איך זאָל איהם דאָ געפינען. קום!

דו וועסט שוין אַלץ הערען. קום, פיהר מיך צו דיין זוהן! אויף מיינע הענד וועל איך איהם טראָגען און היטען איהם, ווי די טרייעסטע אם. קום שנעל!

ערסטער שומר

שטעה! דו געהסט פון דאַנען נישט אוועק. יעצט פאַלט מיר איין, דאָס איז איין אַנשטעל. די פרוי איז מיט דיר יד אחת און וויל ארויסהעלפען דיר פון אונזערע הענד.

דער פרעמדער

דו לעסטערער, דו בייזע צונג, דו מויל פון נבול, ווי וואַגסט דו יעצט אַזוינס צו זאָגען? ווי קאָנסט דו מיך אַבהאַלטען פון דעם, צו וואָס גאָט האָט מיך געשיקט?

ערסטער שומר

פיעלייכט בין איך אונגערעכט. דו וועסט אָבער ניט אוועקגעהן. אונז האָט מען דאָ אוועקגעשטעלט דיך צו היטען און מיר ווילען דיך נישט אָבלאָזען. אויך דו האָסט געזאָגט, אַז דו ווילסט נאָר בלייבען דאָ אויפ'ן פּלאַץ. האַלט דיין וואָרט.

דער פרעמדער

יאָ, איך האָב'ס געזאָגט: ביז זי וועט קומען, די מוטער פון מנחם.

ערסטער שומר

דו וואַרט נאָר אָב, ביז גוריון וועט קומען.

דער פרעמדער
דו זינדיגסט, איד, יעצט געגען דיין משיח.

ערסטער שומר
איך טו מיין פפליכט.

דער פרעמדער
דאן מוז איך ווארטען, און דאס איז א גרויסע זינד.

די יונגע פרוי
איך פערשטעה גארנישט פון דעם, וואס איהר רעדט דא.

דער פרעמדער
דו ווייסט'ס פערשטעהן. מיר האט גאט ענטפלעקט, איך זאל געהן אהער און דיך געפינען, ווייל דיין זוהן איז געבארען געווארען צו זיין אונזער משיח.

די יונגע פרוי
דאס אונגליקס-קינד?

דער פרעמדער
רוף איהם נישט אזוי, האב איך דיר שוין געזאגט. ווי קומסט דו איבערהויפט איהם אזוי צו רופען?

די פרויען טרעטען נעהנטער צו און רינגלען ארום די יונגע פרוי מיט'ן פרעמדען.

די יונגע פרוי
ווי דען אנדערס, ווען ער איז אין אזא טאג געבארען געווארען? אוי, ווי איך האב איהם נישט געוואלט

האָבען אין דעם טאָג. איך האָב מיך געבעטען ביי גאָט, ער זאָל מיר נישט אויפעפענען מיין טראכט, מיין קינד זאָל נישט ארומגעהן זיין גאַנץ לעבען מיט דעם בע־וואוסטזיין, אז אין דעם טאָג, וואָס ער איז געבאָרען געוואָרען, האָט געטראָפען זיין פאָלק דאָס גרעסטע און שווערסטע אונגליק, און מיר זאָל ער נישט זיין ווי איין אייביגע מצבה אויף דעם קבר פון מיין פאָלק און זיין הייליגטום. און אַז גאָט האָט מיך נישט דערהערט און עס האָבען מיך שטארקער אָנגענומען די וועהען, האָב איך געוואָלט געהן געגען גאָט און אויספיהרען מיין ווילען. איך האָב פערביסען די ליפען און געצויגען אין מיר די לופט. איך האָב געוואָלט איינהאַלטען מיין קינד אויף זיין אָרט ביי מיר אין בויך. און אַז די וועהען האָבען זיך נאָך מעהר געשטאַרקט, און איך האָב געראַנגעלט נאָך לופט און פערלאָרען די קראַפט פון מיין ווילען; און אַז איך האָב געזעהן, אַז דאָס קינד ווערט געבאָרען ווערען, האָב איך געבעטען ביי גאָט, אַז דאָס זאָל זיין אַ טויט קינד. גאָט, האָב איך געזאָגט, דאָס וועט זיין דיין גרעסטער חסד. גאָט, האָב איך געוויינט, ווי וועל איך מיך קאָנען פרייען מיט מיין קינד, ווען דאָס גאַנצע פאָלק פערגעהט פון געוויין און קומט אום? און איך האָב מיך איינגעהאַלטען נישט צו שרייען אין דער וועהענים און געבעטען זיך ביי גאָט. גאָט, מיין מאַן איז אַוועק מלחמה צו האַלטען פאַר דיין הייליגטום און פאַר

די פרייהייט פון דיין פאָלק. איהם האָט נישט אָבגע־האַלטען זיין גרויסע ליעבע צו מיר און נישט זיין גרויסע פריידיגע ערוואַרטונג אויף דאָס קינד אונטער מיין ברוסט. און איך אַליין האָב איינגעהאַלטען מיינע טרע־רען און אויסגעריכט איהם אין דער מלחמה, און ווען איך וואָלט נישט געהאַט דאָס קינד אונטער מיין ברוסט, וואָלט איך פון איהם נישט אָבגעשטאַנען און וואָלט גע־גאַנגען מיט איהם און וואָלט מיך געשלאָגען געגען דיינע פיינד מיט דיינע זיהן צוגלייך. דו ווייסט מיין האַרץ, אז איך וואָלט דאָס געטאָן. טו מיר יעצט דעם חסד און לאָז מיך נאָך נישט געבאָרען מיין קינד, אָדער לאָז מיך עס געבאָרען אַ טויטס. אָבער גאָט האָט זיך אָבגעקערט פון זיין גאַנצען פאָלק און פון מיר אויך. איך האָב געבאָרען דאָס קינד און, ווי דו זעהסט, אַ לעבעדיגס.

דער פרעמדער

דאָס איז געוועזען די דריטע שעה נאָך מיטאָג.

די יונגע פרוי

דאָס ווייסט דו אויך? דאָס איז געוועזען, יאָ, די דריטע שעה נאָך מיטאָג. די לעצטע ווענד פון בית המקדש זיינען איינגעפאַלען אין דער שרפה און די לעצטע העל־דען זיינען אומגעקומען, און אין דער זעלבער מינוט האָט זיין שרייען אָנגעפילט די גאַנצע שטוב. ווי דערפרייט

וואָלט איך געוואָרען, ווען איך וואָלט דערהערט זיין ערסטען געשריי אין איין אנדער צייט. יעצט אָבער האָב איך מיך נאָר געקאָנט צוואוויינען, און איך האָב געוויינט שווער און ביטער, און פון דרויסען איז אריינ־געדרונגען אין מיין שטוב דער וועהגעשריי פון אונזער פאָלק. צואווויינט זיך.

דער פרעמדער
וויין נישט, דו פיהרסט איבער דיין מילך.

די יונגע פרוי
מיין מילך איז סיי ווי סיי ביטער ווי גאַל. זעלטען פערגין איך איהם זי. גלייך ווי ער איז געבאָרען געװ־וואָרען, בין איך אין כעס געוואָרען אויף גאָט. איך האָב אויפגעהויבען מיין האנד געגען הימעל און געזאָגט: „גאָט, דו האָסט געוואָלט, ער זאָל לעבען, טאָ גיב איהם צום לעבען, איך וועל איהם נישט זויגען.“ איך האָב מיך אוועקגעדרעהט און נישט געוואָלט איהם אפילו זעהן. אָבער אז ער האָט אָנגעהויבען שטארק צו וויינען און שטארקער, זאָב איך מיך אויך צוואוויינט און גענומען איהם צו מיין ברוסט — מיט צוגעמאכטע אויגען, איך זאָל איהם נישט זעהן. א גערויש פון א סך שטימען לינקס.

דער פרעמדער
דאָ קומען זיי. אָ, איך וועל באלד דאָך זעהן דיין זוהן! גוריון, טרפון און גמליאל, דער צווייטער שומר און דער גאַנ־

צער עולם קומען אָן, אין זעק אָנגעטאָן און מיט אַש אויפ'ן קאָפּ.

גוריון

וואו איז די פרוי? וואו איז זי?

די פרויען טרעטען פערנאַנדער.

גוריון

טרעט צו צו דער יונגער פרוי.

דאָס ביזט דו די פרוי פון ירושלים?

די יונגע פרוי

דאָס בין איך די פרוי.

גוריון

און דו דערצעהלסט, אז דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען?

די יונגע פרוי

מאַכט גרויסע אויגען.

און איהר האָט עס נאָך נישט געוואוסט?

גוריון

מיר האָבען'ס נישט געוואוסט און ווייסען עס נאָך נישט.

די יונגע פרוי

מיט טרערען.

מיט צעהן טעג צוריק איז דאָס געשעהן. אין דער דריטער שעה נאָך מיטאָג זיינען זיינע לעצטע וועגד איינגעפאַלען.

שטימען

איהר הערט! איהר הערט! ציטערט איהר הימלען! געוויין.

גוריון

וואוהין געהסט דו יעצט און וואָס ווילסט דו דאָ?

די יונגע פרוי

איך געה אויפזוכען מיין מאַן. ער האָט מלחמה געהאַל־טען געגען די רוימער אונטער אלעזר'ן און איז געפאַנגען געוואָרען. מען האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז יעצט אין פוריא. אַהין־צו געה איך, און דאָ בין איך בלויז אויפ'ן דורכגאַנג.

גוריון

זאָגסט דו אמת אונז? ועסט דו דיינע ווערטער בע־שווערען? גערודער אין דער רעכטער זייט גאַס.

ברכיה מיט אַ צווייטען פון די שלוחים

קומען געלאָפען מיט צוריסענע קליידער אויף זיך.

וועה אונז! וועה אונז! דער בית המקדש איז חרוב! חרוב! חרוב!

די יונגע פרוי

ברעכט אויס אין אַ געוויין, בעגלייט פון אַנדערע פרויען.

גוריון

ווען איז דאָס געשעהן?

ברכיה

גראד ווי דער פרעמדער האָט געזאָגט: מיט צעהן טעג צוריק.

גוריון

ווי אזוי האָט איהר זיך עס דערוואוסט?

ברכיה

גלייך ווי מיר זיינען אַרוים אויפ'ן וועג, וועלכער פיהרט צו חברון, האָבען מיר אָנגעטראָפען אויף אַ מחנה אידען, וועלכע געהען פון יענער געגענד נאָך גלעד, און זיי האָבען עס אונז דערצעהלט מיט טרערען אויף די אויגען און מיט פערבראָכענע הענד.

דער פרעמדער

צו דער יונגער פרוי אין התלהבות.

יעצט פיהר מיך צו דיין זוהן! קומט אַלע מיט מיר! פערגיסט טרערען אויף דאָס פערלאָרענע און פרייט זיך אויף דאָס קומענדיגע. אַ זוהן איז איהר געבאָרען גע־וואָרען, און ער הייסט מנחם, אַ טרייסטער און אַ בע־פרייער, איין אויפבויער און איין אויפריכטער וועט ער אונז זיין! קומט מיט מיר מיט! קומט זעהן דאָס קינד! קום, דו גליקליכע, פיהר אונז צו דיין קינד — דיין קינד פון גליק, דיין קינד פון רעטונג! בעוועגונג אין די הינ־

פערסטע רייהען. די דיענסט און איין אלטער מאן שטופען זיך דורך צו דער יונגער פרוי.

די דיענסט

פאלט מיט א יאמער אויף די קני פאר דער יונגער פרוי.

טויט מיך, וועה!

די יונגע פרוי

וואס איז געשעהן?

די דיענסט

טויט מיך! טויט מיך! דאס קינד איז ניטא מעהר!

די יונגע פרוי

מיט שרעק.

דאס קינד איז טויט?

דער פרעמדער

מנחם איז טויט?!

געמורמעל

מיט פערצווייפלונג.

טויט?!

די דיענסט

ראנגלענדיג מיט'ן אטעם און מיט'ן געוויין.

ניין. נישט טויט!

דער פרעמדער
ערלויכטערט.
אָה!

געמורמעל
נישט טויט!

די יונגע פרוי
וואָס איז איהם דען געשעהן?!

די דיענסט
דו הער מיך אויס. האָסט מיך געלאָזען מיט דיין קינד דרויסען פאַר דעם הויז, ביז דו וועסט קומען צוריק מיט די ווינדעלעך, און איך האָב דאָס קינד אוועקגעלעגט פאַר מיר און אליין גענומען זיך דערענדיגען איהם דאָס העמדעל. מיט א מאָל ווערט עס פינסטער, ווי פאַר א שטורם — איך האָב גאָרנישט בעמערקט, ווי און ווען איז דאָס פינסטער געוואָרען — און א גרויסער ווינד האָט זיך אויפגעהויבען. איך בויג זיך איין צום קינד, וויל עס אויפהעבען און אריין מיט איהם אין הויז: ווער איך אומגעוואָרפען פון דעם ווינד, מיינע אויגען ווערען פול מיט זאמד, און איך האָב געפיהלט, ווי עמיץ וואָלט אַרויסגעריסען דאָס קינד פון מיינע הענד. און אז איך האָב אויפגעעפענט מיינע אויגען, איז שוין ווידער ליכטיג געוואָרען, אָבער דאָס קינד האָב איך נישט געזעהן.

איך האָב מיך ארומגעקוקט, האָב אָנגעהויבען צו זוכען, און האָב דאָס קינד נישט געפונען. איך האָב געמאכט א געוואלט. די שטוב-לייט זיינען ארויס, איך האָב זיי דער־צעהלט דאָס אונגליק, זיי האָבען מיר געהאָלפען זוכען, און מיר האָבען געזוכט ווייט און ברייט. אָבער מיר האָבען נישט געפונען. זיי זיינען דאָ מיט מיר, זיי קאָנען דיר זאָגען עדות, אז איך זאָג דיר נישט קיין ליגען.

## דער אלטער מאַן

נעבען איחר.

זי זאָגט דעם ריינעם אמת. איך בין געשטאַנען גראד ביים פענסטער, און עס איז מיר געוועזען, ווי איך וואָלט געזעהן, ווי דער ווינד האָט אויפגעהויבען דאָס קינד אין דער הויך און אוועקגעטראָגען עס.

## די יונגע פרוי

מיין קינד!

## די דיענסט

טויט מיך, אויב איך בין שולדיג.

## די יונגע פרוי

שטעה אויף, דו ביזט נישט שולדיג, דאָס איז דער מזל פון מיין קינד.

שטימען

וואָס שטעהען מיר? לאָמיר לויפען זוכען.

דער פרעמדער

ווי אויפגעוואַכט.

שטעהט!

גוריון

וואָס האָסט דו פאַר?

דער פרעמדער

פערזינקט ווידער אין געדאַנקען.

די יונגע פרוי

דורך טרערען.

האָב איך דיר נישט געזאָגט, אַז דאָס איז איין אונגליקס־קינד?

דער פרעמדער

ציהענדיג זיינע ווערטער, מיט איין אַנגעשטעלטען בליק אין דער ווייטענס.

רוף איהם נישט אַזוי. נישט קיין אונגליקס־קינד איז ער, האָב איך דיר געזאָגט. אין דעם טאָג פון זיין געבורט איז דער בית המקדש חרוב געוואָרען, אָבער ער איז געבאָרען געוואָרען אויפצובויען אונז אַ נייעם. איך געה איהם זוכען. גאָט האָט דאָס אַרויפגעלעגט אויף מיר. איך זעה עס קלאָר. ווערט מיט אַ מאָל געעלטערט און זיין האָר און באָרד ווערען ווייס.

שטימען

זעהט, ווי ער זעהט אוים! זעהט, ווי ער זעהט אוים!

גוריון

טרעט אָב מיט שרעק.

און אִ י ה ם האָבען מיר גערופען ליגנער און זינדינער?

דער פרעמדער

זינדיגער, יא. איך האָב די גרעסטע זינד פערבראָכען. איך האָב נישט געוואָלט קעמפפען פאַר דער פרייהייט פון מיין פאָלק. יעצט טרעפט מיך גאָט'ס שרעקליכע שטראָף. איך וועל מוזען די גאַנצע וועלט אויסגעהן, איך זעה עס. און לאַנג, לאַנג, וועל איך מוזען זוכען, איך פיהל עס. איך געה טון, וואָס איך מוז. העבט אויף זיך אויף דעם פעדלערקאַסטען. איך געה טון, וואָס איך מוז. מיט אויפ־געהויבענע הענד געהט ער אַוועק נאָך רעכטס.

די יונגע פרוי

פאַלט אין איהר גאַנצער לייננ.

מיין קינד!

דער עולם לאָזט זיך אַראָב אויף די קני.

# דער מדרש

(איכה רבתי נ"ז).

ר' יודן בש"ר איבו אמר מנחם שמו שנאמר כי רחק ממני מנחם... והדא מסייע להדא דר' יודן בש"ר איבו. עובדא הוה בחד בר נש דהוה קא רדי געת חדא תורתי עבר עלוי חד ערבי א"ל מה את א"ל יהודאי אנא א"ל שרי תורך ושרי פדנך א"ל למה א"ל דבית מקדשון דיהודאי חרב א"ל מנא ידעת א"ל ידיעת מן געייתא דתורך. עד דהוה עסיק עמיה געת זימנא אחריתי. א"ל אסר תורך אסר פדנך דאתייליד פריקהון דיהודאי. א"ל ומה שמיה. א"ל מנחם שמיה. ואבוי מה שמיה. א"ל חזקיה. א"ל והיכן שריין. א"ל בבירת ערבא בדבית לחם יהודה. זבין ההוא גברא תורוי זבין פדניה והוה מזבין לבידין דינוקין עלל לקרתא ונפק לקרתא עלל למדינה ונפק למדינה, עד דמטא לתמן. אתיין כל כפריא למיזבן מיניה וההיא איתתא אימיה דההוא ינוקא לא זבנית מיניה. א"ל למה לית את זבנת לבידין דינוקין. אמרה ליה דחשייה קשיי לינוקי. א"ל למה. אמרה ליה דעל ריגלו חרב בית מקדשא. א"ל רחיצין אנן במריה עלמא דעל ריגלוי חרב ועל רגלוי מיתבני. א"ל את הוי נסיבא ליך מן אילין לבידין דינוקין ולבתר יומין אנא אתי לביתך ונסב פריעיך. נסבה ואזלה. לבתר יומין אמר האי גברא איזיל ואיחמי ההוא ינוקא מאי קא עביד. אתא לגבה א"ל ההוא ינוקא מאי קא עביד. אמרה ליה לא אמריתי לך דחשייה קשיי אפילו על רגליה נחשיה. דמין ההיא שעתא אתיין רוחין ועלעולין טענוניה ואזלין להון. א"ל ולא כך אמרית לך דעל ריגלוי חרב ועל ריגלוי מתבני.

## די איבערזעצונג:

רב יודן דער זוהן פון רב איבו האָט געזאָגט: מנחם איז זיין נאָמען ווי עס שטעהט אין פסוק: ווארום עס איז ווייט פון מיר מנחם. — — און דאָס איז א ראיה צו רב יודן דעם זוהן פון רב איבו: עס איז געווען א מעשה מיט איינעם פון אונזערע וועלכער האָט געאקערט. האָט זיך צושריען איינער פון זיינע אָקסען. איז פארבייגעגאנגען איין אראבער און איהם געזאָגט: ווער ביזטו? האָט ער איהם געזאָגט: א איד בין איך. האָט ער איהם געזאָגט: בינד אָב דיינע אָקסען און בינד אָב דיין געשפאן. האָט ער איהם געזאָגט: פאר וואָס? האָט ער איהם געזאָגט: ווייל דער בית המקדש איז חרוב געװאָרען. האָט ער איהם געזאָגט: פון וואנען ווייסט דו עס? האָט ער איהם געזאָגט: איך וויים עס פון דעם געשריי פון דיין אָקס. און ווי ער רעדט מיט איהם אזוי, האָט זיך דער אָקס נאָך אמאָל צושריען. האָט ער איהם געזאָגט: שפאן איין דיין אָקס, שפאן איין דיין געשפאן, ווייל עס איז געבאָרען געוואָרען דער אויסלייזער פון די אידען. האָט ער איהם געזאָגט: און וואָס איז זיין נאָמען? האָט ער איהם געזאָגט: מנחם איז זיין נאָמען. און ווי איז דער נאָמען פון זיין פאָטער? האָט ער איהם געזאָגט: חזקיה. האָט ער איהם געזאָגט: און וואו וואוינט ער? האָט ער איהם געזאָגט: אין בירת ערבא פון בית לחם יהודה. האָט דער מאן פערקויפט זיינע אָקסען און זיין געשפאן און אָנגעקויפט לייוועגט פאר קינדער, און איז געגאנגען שטאָדט־איין שטאָדט־אוים, מדינה־

איין מדינה־אויס, ביז ער איז אָנגעקומען אהין. זיינען זיך צונויפגעקומען אַלע דאָרף־טעכטער צו קויפען פון איהם און יענע פרוי, די מוטער פון דעם קינד, האָט פון איהם נישט געקויפט. האָט ער צו איהר געזאָגט: פאַר וואָס קויפסטו נישט קינדער־לייוועגט? האָט זי איהם געזאָגט: ווייל דער מזל פון מיין קינד איז שווער. האָט ער איהר געזאָגט: פאַר וואָס? האָט זי איהם געזאָגט: ווייל דורך זיין געבורט איז חרוב גע־וואָרען דער בית המקדש. האָט ער איהר געזאָגט: מיר זיינען בטוח אין דעם האר פון דער וועלט, אז דורך איהם איז ער חרוב געוואָרען און דורך איהם וועט ער אויפגעבויט ווערען. האָט ער איהר געזאָגט: זו נעהם דיר פון דעם קינדער־לייוועגט און אין טעג ארום וועל איך צו דיר קומען און נעהמען גע־צאָהלט. האָט זי גענומען און איז אוועקגעגאַנגען. אין טעג ארום האָט דער מאַן געזאָגט, איך וועל געהן און געוואָהר ווערען, וואָס דאָס קינד מאַכט. איז ער אַוועק צו איהר און איהר געזאָגט: וואָס מאַכט דאָס קינד? זאָגט זי איהם: האָב איך דיר נישט געזאָגט, אז זיין מזל איז אַ שווערער און פער־פאַלגט איהם, וואָרום פון יעמאָלט אָן זיינען אָנגעקומען ווינ־טען און שטורמס און האָבען איהם אַוועקגענומען. האָט ער איהר געזאָגט: האָב איך דיר נישט געזאָגט, אז דורך איהם איז ער חרוב געוואָרען און דורך איהם וועט ער אויפגעבויט ווערען.

## עבען ערשיענען

דוד פינסקי. ד ע ר ש ט ו מ ע ר מ ש י ח,

דראמא אין דריי אקטען.

יוסף יפה. ליעדער.

